דערווײַל האָט דעם רבינס ווײַב גערופֿן צום טיש עסן. האָט דער רבי געזאָגט צום ייִנגל:

— „הער, יאַנקעלע. דו ביסט הײַנט געווען שלעכט. איך בין ברוגז אויף דיר און איך וויל דיך באַשטראָפֿן. אָבער, איך וועל דאָס טאָן נאָכן עסן".

דאָס ייִנגעלע האָט מורא געהאַט פֿאַר דער שטראָף. רופֿט ער זיך אָפּ בײַם טיש, בײַם עסן:

— „טאַטע, כ'וויל דיך עפּעס בעטן".

— „וואָס, מײַן קינד?" — פֿרעגט דער רבי ווי אַ ליבער פֿאָטער.

— „טאַטע", — זאָגט דאָס ייִנגעלע — „בעט דעם רבין, ער זאָל מיר מוחל זײַן וואָס איך האָב זיך הײַנט שלעכט געלערנט, און מיך ניט באַשטראָפֿן. רעד צום רבין, זײַ אַ גוטער טאַטע".

— „פֿײַן, יאַנקעלע", — האָט דער רבי געענטפֿערט און געשמייכלט.

און ער האָט דעם ייִנגעלע מוחל געווען.



# אַ טאַטע און אַ רבי

אין אַ דאָרף האָט געוואוינט אַ ייִד מיט אַ ווײַב און זייער ייִנגעלע, יאַנקעלע. דער ייִד האָט געוואָלט, אַז דער זון זאָל לערנען תורה, אָבער אין דאָרף איז ניט געווען קיין ייִדישער לערער.

האָט דער ייִד געבראַכט זײַן קליינעם זון אין שטאָט אַרײַן. ער האָט אים געבראַכט צו אַ רבין, ער זאָל בײַ אים עסן און לערנען תורה.

אַז דער פֿאָטער איז אַוועק, האָט דער רבי געזאָגט צום ייִנגעלע:

— „הער מײַן זון. בײַם טיש, בײַם עסן, זאָלסטו מיך רופֿן טאַטע. איך וויל, אַז דו זאָלסט עסן וואָס דו ווילסט. איך וויל, אַז דו זאָלסט זיך פֿילן ווי בײַ דײַן טאַטנס טיש, אָבער בײַם לערנען זאָלסטו מיך רופֿן רבי, ווײַל איך בין דײַן לערער. אַ מאָל זאָגט אַ לערער אַ גוט וואָרט און אַ מאָל אַ שלעכט וואָרט. אַ מאָל איז אַ לערער ווייך, און אַ מאָל אַ ביסל שטרענג. אַז דו וועסט זײַן אַ גוטער תּלמיד, וועל איך זײַן אַ גוטער רבי. געדענק, מײַן זון, זײַ גוט!"

איין מאָל איז דאָס ייִנגעלע געווען זייער פֿאַרשפּילט. דאָס לערנען איז אים אַרײַן אין איין אויער און איז אַרויס פֿון דעם צווייטן אויער. איז דער רבי געווען אויף אים ברוגז.

# דער לערער און דער תּלמיד

אַמאָל איז אַ תּלמיד געגאַנגען שפּאַצירן מיט זײַן רבּין. אויפֿן וועג האָט דער תּלמיד געזען פֿון ווײַטן אַ ברענעדיקן קויל. דער תּלמיד האָט געמיינט, אַז עס שײַנט פֿון ווײַטן אַ דימענט, האָט ער געוואָלט צולויפֿן און אים נעמען. האָט דער לערער צו אים געזאָגט:

— „לויף ניט, ס'איז ניט קיין דימענט".

אָבער דער תּלמיד האָט געוואָלט האָבן דעם דימענט, האָט ער ניט געפֿאָלגט דעם לערער. ער האָט געמיינט, אַז דער לערער ווייסט ניט. איז ער צוגעלאָפֿן, האָט גענומען די קויל, און האָט זיך אָפּגעבריט די האַנט.

אײן אַ צײַט אַרום איז דער תּלמיד ווידער געגאַנגען שפּאַצירן מיט זײַן רבּין. אויפֿן וועג האָט דער תּלמיד דערזען פֿון ווײַטן אַ דימענט, האָט ער אַ געשריי געטאָן:

— „לערער, אָט ליגט דאָרט ווידער אַ ברענעדיקע קויל!"

זיי זײַנען פֿאַרבײַגעגאַנגען דעם דימענט, און דער תּלמיד האָט אים אַפֿילו ניט אָנגערירט. דער לערער האָט דאָס געזען און געזאָגט:

— „ניין, מײַן ליבער תּלמיד. דאָס איז ניט קיין קויל, נאָר אַ דימענט. דו האָסט אים געזען פֿריִער פֿון מיר, און ער איז דײַנער. נעם אים!"

דער תּלמיד האָט געפֿאָלגט דעם רבּין. ער האָט גענומען דעם דימענט, אים פֿאַרקויפֿט און איז געוואָרן רײַך.

— „נײן“, — האָט געזאָגט דער יונגערמאַן מיטן שפּאַקטיװ — „מײַן פֿרײַנד װאָס האָט דעם לופֿט־באַלאָן האָט אונדז אַהער געבראַכט. װען ער ברענגט אונדז ניט אַהער, װאָלט אפֿשר דײַן טאָכטער גע־שטאָרבן. אים דאַרפֿסטו באַלױנען. אים דאַרפֿסטו געבן האַלב פֿון דײַן פֿאַרמעגן“.

— „איך זע, איר זײַט אמתע פֿרײַנד“, — האָט דער פֿאָטער געענטפֿערט — „איר האָט אַלע דרײַ געראַטעװעט מײַן טאָכטער. װעל איך מײַן גרױס פֿאַרמעגן צעטײלן אױף דרײַ טײלן. איר װעט אַלע דרײַ קריגן גלײַכע טײלן פֿון מײַן פֿאַרמעגן“.

און די יונגעלײַט האָבן גענומען דעם רײַכן לױן, זיך צעטײלט גלײַך אױף גלײַך און אַװעק װײַטער װי אמתע פֿרײַנד.

---



האָבן די מענטשן זיי געענטפֿערט:

— „בײַ אונדז אין שטאָט וואוינט אַ מענטש, ער איז זייער געלערנט און איז זייער רײַך. איז זײַן טאָכטער געוואָרן קראַנק און זי האַלט בײַם שטאַרבן. די גרעסטע דאָקטוירים קענען איר ניט העלפֿן. דער פֿאָטער גיט האַלב פֿון זײַן פֿאַרמעגן דעם וואָס וועט זײַן טאָכטער געזונט מאַכן. אָבער קיינער קען זי ניט געזונט מאַכן. זײַנען די מענטשן פֿון שטאָט זייער טרויעריק. אַלע האָבן דעם געלערנטן זייער ליב, איז מען טרויעריק און מע וויינט".

אַז די יונגע לײַט האָבן דאָס דערהערט, האָבן זיי געזאָגט צו זייער פֿרײַנד וואָס האָט די וואונדערלעכע גראָז:

— „גיכער, לויף צום געלערנטן און היל אויס זיין טאָכטער!"

דער יונגערמאַן האָט דאָס געטאָן. אויפֿן דריטן טאָג איז די מיידל אַראָפּ פֿון בעט אַ געזונטע. האָט דער פֿאָטער זיך זייער געפֿרייט. ער האָט געוואָלט אָוועקגעבן האַלב פֿון זײַן פֿאַרמעגן דעם יונגנמאַן מיט די וואונדערלעכע גראָז. אָבער דער יונגערמאַן האָט געזאָגט:

— „מײַן פֿרײַנד מיטן שפּאַקטיוו האָט געזען אַז די מענטשן אין שטאָט וויינען, דערפֿאַר בין איך געקומען צו דיר. דו דאַרפֿסט באַלוינען מײַן פֿרײַנד. אים דאַרפֿסטו געבן האַלב פֿון דײַן פֿאַרמעגן".

# אמתע פרײַנד

אויף אַ וועג זײַנען געגאַנגען דרײַ מענטשן. זיי זײַנען געווען גוטע פרײַנד. איינער פון זיי האָט געהאַט אַ שפּאַקטיוו. אַז מען האָט געקוקט דורך דעם שפּאַקטיוו, האָט מען געזען הונדערט מײַל ווײַט. דער צווייטער האָט געהאַט אַ לופטבאַלאָן. עס האָבן געקענט אַרײַן אין אים עטלעכע מענטשן און פליִען הונדערט מײַל אַ שעה. דער דריטער האָט געהאַט וואונדערלעכע גראָז. די וואונדערלעכע גראָז האָבן געהיילט פון אַלע קראַנקייטן.

זײַנען זיי געגאַנגען און געגאַנגען אין וועג. האָט איינער פון זיי אַ זאָג געטאָן צו דעם יונגנמאַן מיטן שפּאַקטיוו:

— „זײַ אַזוי גוט, משה, און גיב אַ קוק דורך דײַן שפּאַקטיוו, זײַגען מיר נאָך ווײַט פון אַ שטאָט?"

האָט דער יונגערמאַן דערזען אַז אין דער שטאָט וואָס איז הונדערט מײַל ווײַט פון זיי, גייען אַרום מענטשן און וויינען. האָט ער געזאָגט צום צווייטן:

— „עפן, אַברהם, דײַן לופטבאַלאָן. מיר וועלן אַלע דרײַ איבערפליִען אין יענער שטאָט. אין אַ שעה אַרום וועלן מיר זיכן פאַרוואָס די מענטשן גייען אַרום און וויינען". האָט אַברהם אַזוי געטאָן. אין אַ שעה אַרום זײַנען זיי שוין געווען אין יענער שטאָט, און האָבן געפרעגט פאַרוואָס מע וויינט דאָ.

בײַ דעם אָרעמען ייִדנס הײַב! זע נאָר וואָס דאָ טוט זיך!

האָט זי אַ געשריי געטאָן דורכן פֿענצטער:

— „גיכער, גיכער, גייט צו צום אויוון, די חלות ווערן פֿאַרברענט!"

די אָרעמע פֿרוי איז אַרויס פֿון ווינקל, וואו זי האָט זיך באַהאַלטן. זי האָט געעפֿנט די טיר פֿאַר דער שכנה. זי האָט גענומען שלעפּן פֿונעם אויוון די חלות און אַלע גוטע עסנס און האָט געזאָגט:

— „אַ, דאָס וועט זײַן גענוג אויף שבת און אויף אַ גאַנצער וואָך. דאָס וועט זײַן גענוג פֿאַר מײַן הויזגעזינד און פֿאַר אַנדערע אָרעמע מענטשן אויך".

די רײַכע פֿרוי האָט דאָס געזען. זי האָט גאָר־ניט געענטפֿערט. זי האָט פֿאַרשטאַנען אַז עס איז געשען אַ וואונדער.



א רייכע פרוי, א שכנה, האָט געזען דעם רויך, וואָס איז געגאַנגען פון דעם קוימען און זי האָט געטראַכט:

„וועמען וויל זי אָפּנאַרן? איך ווייס דען ניט אַז זי האָט ניט אויף שבת?...״

און זי איז באַלד אַוועק צו דער אָרעמער שטוב. זי האָט געוואָלט ווײַזן דער אָרעמער פרוי אַז זי פאַרשטייט וואָס יענע טוט. האָט זי אָנגעקלאַפּט אין דער טיר.

די אָרעמע פרוי האָט זי דערזען דורכן פענצטער. זי האָט מורא געהאַט, אַז זי וועט אַרײַנקומען און זי וועט אַרײַנקוקן אין ליידיקן אויוון, וועט זי אַלעמען דערציילן וואָס זי האָט געזען. האָט די אָרעמע פרוי זיך גיך באַהאַלטן אין א ווינקל און ניט געעפנט די טיר.

די רײַכע פרוי האָט פאַרשטאַנען, אַז מע וויל זי ניט אַרײַנלאָזן. זי איז צוגעגאַנגען צו א פענצטער, וואָס איז געווען אַנטקעגן אויוון, און זי האָט אַרײַנגעקוקט אין שטוב אַרײַן.

פּלוצלונג איז עפּעס געשען: דער אויוון איז געוואָרן פול מיט גוטע זאַכן, מיט גוטע, שבתדיקע עסנס און מיט חלות. די חלות זײַנען געווען ברוין און הויך, זיי זײַנען געווען פאַרטיק צום אַרויסנעמען. האָט די שכנה, די רײַכע פרוי, זיך געוואונדערט:

זע נאָר וואָס דאָ טוט זיך! זע נאָר, א פולער אויוון מיט חלות און מיט גוטע, שבתדיקע עסנס

„אַז דער פרעמדער וועט קומען צום אָרט און ער וועט ניט געפינען דעם ערשטן בײַטל, וועט ער ניט וועלן אוועקלייגן דעם צווייטן בײַטל".

האָט ער גענומען דעם בײַטל מיטן געלט און האָט דאָס גיך געלייגט צוריק אין גרוב. דער קלוגער סוחר איז צוגעקומען צו דער גרוב, האָט דאָרטן געפונען זײַן בײַטל מיט די פינף הונדערט טאָלער. ער האָט גענומען זײַן געלט און איז אַ פריילעכער געפאָרן אַהיים.

# דער וואונדער

אַמאָל איז געווען זייער אַ גוטער און אַן ערלעכער ייִד. אָבער ער איז געווען זייער אָרעם. אַ סך מאָל איז ניט געווען קיין שטיקל ברויט אין שטוב. דער ייִד און זײַן ווײַב האָבן זייער ליב געהאַט דעם טאָג שבת. אַז זיי האָבן געהאַט געלט, האָבן זיי צוגעגרייט גוטע שבתדיקע עסנס. אָבער אַ סך מאָל האָבן זיי ניט געהאַט קיין געלט און זיי האָבן גאָרניט געהאַט אויף שבת.

איין מאָל, פרײַטיק, האָבן זיי גאָרניט געהאַט. אָט איז שוין שבת און זיי האָבן אַפילו ניט קיין חלה. וואָס טוט מען? האָט די ווײַב גענומען עטלעכע שטיקלעך האָלץ און זי האָט זיי אַרײַנגעלייגט אין אויוון. זי האָט געטראַכט:

„די שכנות וועלן זען אַז ס'גייט פון מײַן קוימען אַ רויך, וועלן זיי מיינען אַז איך קאָך און באַק אויף שבת, אַזוי ווי זיי קאָכן און באַקן אויף שבת.

אָבער דער סוחר איז געווען זייער אַ קלוגער. ער האָט געקוקט און געזוכט אין אַלע זײַטן. פּלוצלונג האָט ער דערזען די לאַד אין וואַנט. האָט ער אַרײַנגעקוקט אין לאַד און האָט געזען דאָס קליינע שטיבל. האָט ער שוין אַלץ פֿאַרשטאַנען. וואָס זשע האָט ער געטאָן?

אין ער געקומען צו דעם מאַן פֿון שטיבל און ער האָט געזאָגט:

— „הער, גוטער מענטש, איך האָב געהערט, אַז דו ביסט זייער קלוג. איך בעט דיך, גיב מיר אַן עצה. איך בין דאָ אין שטאָט אַ פֿרעמדער. איך בין געקומען קויפֿן סחורה. איך האָב געהאַט אַ בײַטל מיט פֿינף הונדערט טאָלער, האָב איך מורא געהאַט פֿאַר שלעכטע מענטשן, — האָב איך אים ערגעץ באַהאַלטן. אָבער איך האָב נאָך אַ בײַטל מיט געלט, אויך מיט פֿינף הונדערט טאָלער. ווייס איך ניט וואָס צו טאָן: צי זאָל איך דעם צווייטן בײַטל אויך דאָרט אַוועקלייגן? צי איך זאָל אים באַהאַלטן אין אַן אַנדער פּלאַץ? זאָג מיר, קלוגער מענטש, וואָס איך זאָל טאָן".

דער מאַן פֿון שטיבל האָט געוואָלט האָבן אויך דעם צווייטן בײַטל. האָט ער געענטפֿערט:

— „גיי, פֿרעמדער, און לייג אַוועק דעם צווייטן בײַטל דאָרטן וואו עס ליגט דער ערשטער בײַטל".

אַז דער פֿרעמדער איז אַוועקגעגאַנגען האָט דער מאַן פֿון שטיבל געטראַכט:

# דער קלוגער סוחר

אַמאָל איז געווען אַ סוחר. ער איז געווען זייער אַ קלוגער מענטש.

איין מאָל איז דער סוחר געפאָרן אין אַ ווײַטער שטאָט. ער איז געקומען קויפן סחורה. ער האָט געהאַט מיט זיך אַ בײַטל מיט געלט. ער האָט געהאַט אין בײַטל פינף הונדערט טאָלער. האָט ער געטראַכט:

„איך בין דאָ אין שטאָט אַ פרעמדער. אפשר וועלן קומען שלעכטע מענטשן און צונעמען בײַ מיר דאָס געלט?" איז ער אוועקגעגאַנגען הינטער דער שטאָט. ער איז געקומען אויף אַ פעלד, ער האָט אויסגעגראָבן אַ גרוב און האָט באַהאַלטן די פינף הונדערט טאָלער.

אויפן פעלד, לעבן גרוב, איז געשטאַנען אַ וואַנט. פון יענער זײַט וואַנט איז געווען אַ קליין שטיבל. אין שטיבל האָט געוואוינט אַ מאַן. ווען דער סוחר האָט באַהאַלטן דאָס געלט אין גרוב, האָט דער מאַן פון שטיבל דאָס געזען. ער האָט געקוקט דורך אַ לאָך, וואָס איז געווען אין וואַנט און ער האָט אַלץ געזען. אַז דער סוחר האָט אַרײַנגעלייגט דאָס געלט און איז אַוועקגעגאַנגען, איז געקומען דער מאַן פון שטיבל און האָט דאָס צוגענומען. אין עטלעכע טעג אַרום איז דער סוחר געקומען נעמען דאָס געלט. ער האָט דאָס געלט אין גרוב ניט געפונען.

איז געווען האַלב פאַרפראָרן. זיי האָבן אים אַרײַנ־ געגומען אין שול. זיי האָבן אים געוואַרעמט און גע־ וואַרעמט, ביז ער איז געקומען צו זיך. הלל האָט דערציילט, פאַרוואָס ער האָט געמוזט ליגן אויפן דאַך.

דער רבי האָט געהייסן:

— „לאָזט הללן אַרײַן אָן געלט. אַזאַ תּלמיד דאַרף ניט צאָלן!"

איצט איז הלל שוין געגאַנגען אין שול אָן געלט. ער האָט שוין ניט געדאַרפט צאָלן פאַרן לערנען. ער האָט אַ סך, אַ סך געלערנט און איז געוואָרן ביי ייִדן אַ גרויסער געלערנטער.



— „וואָס טוט מען? איך האָב היינט ניט קיין געלט, אָבער איך וויל לערנען. איך וועל גיין אין שול, אפשר וועט מען מיך אַריינלאָזן אָן געלט". איז הלל אַוועק אין שול, אָבער ביי דער טיר איז געשטאַנען אַ מאַן. דער מאַן האָט געזאָגט:

— „אַלע דאַרפן צאָלן פאַרן לערנען, דו דאַרפסט אויך צאָלן".

און הלל האָט ניט געקענט אַריינקומען אין שול.

אָבער הלל האָט געוואָלט לערנען. וואָס זשע האָט ער געטאָן? ער איז אַרויף אויפן דאַך. אויפן דאַך איז געווען אַ דאַך־פענצטער. האָט הלל אַוועקגעשאַרט דעם שניי און זיך געלייגט ביים דאַך־פענצטער. הלל איז געלעגן אויפן דאַך און האָט זיך צוגעהערט, וואָס דער רבי לערנט מיט די תּלמידים.

און דער שניי פאַלט און פאַלט און פאַרדעקט הללן. און הלל ליגט אונטערן שניי און הערט זיך צו צום לערנען. עס איז אים אַזוי גוט. הלל פילט ניט דעם שניי, ער פילט ניט אַז ס'איז קאַלט. ער ליגט און פאַרשטעלט דאָס פענצטער. איז אין שול ניט אַזוי ליכטיק ווי אַלע מאָל. וואונדערט זיך דער רבי:

— „פאַרוואָס איז ניט ליכטיק? פאַרוואָס איז ניט אַזוי ליכטיק ווי אַלע מאָל?"

האָט ער אַ קוק געטאָן צום דאַך־פענצטער און האָט געזאָגט:

— „ביים דאַך־פענצטער ליגט אַ מענטש!"

באַלד זיינען תּלמידים אַרויף אויפן דאַך. זיי האָבן אָפּגעשאַרט דעם שניי און דערזען הללן. ער

— „שניק, איך קען שוין מער ניט שיסן, איך
האָב ניט מער קיין קוילן און מײַן ביקס".

דער שטאַרקער ייִד האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם רויבער און האָט אַרויסגעריסן בײַ אים די ביקס. ער האָט אים אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד, און האָט צוריקגענומען בײַ אים דאָס געלט. אַ פֿריילעכער איז דער ייִד געגאַנגען ווײַטער.

## הלל בײַם דאַך־פֿענצטער

אַמאָל איז געווען אַ ייִד. זײַן נאָמען איז געווען הלל (הילעל). הלל האָט ניט געקענט לערנען. ער האָט געוואָלט לערנען, אָבער ער איז געווען אָרעם, זייער אָרעם. ער האָט ניט געהאַט קיין געלט צו צאָלן פֿאַרן לערנען.

וואָס האָט הלל געטאָן? ער איז אויפֿגעשטאַנען יעדן טאָג גאַנץ פֿרי און איז געגאַנגען אין וואַלד. אין וואַלד האָט ער אָנגעהאַקט האָלץ. ער האָט דאָס האָלץ געבראַכט אין שטאָט. אין שטאָט האָט ער דאָס האָלץ פֿאַרקויפֿט. פֿאַרן געלט האָט ער געקויפֿט ברויט פֿאַר זײַן ווײַב און קינדער און פֿאַר זיך. און אים איז נאָך געבליבן אַ ביסל געלט צו צאָלן פֿאַרן לערנען.

איין מאָל, ווינטער, איז געווען אַ גרויסער שניי. האָט הלל ניט געקענט גיין אין וואַלד אַרײַן אָנהאַקן האָלץ. האָט הלל געטראַכט:

דער ייִד איז געבליבן שטיין, און דער רויבער האָט געזאָגט:

— „גיב אַהער דאָס געלט, גיך, אויב ניט, שיס איך דיך!"

האָט דער ייִד געגעבן דעם רויבער דאָס געלט און האָט צו אים געזאָגט:

— „איך גיב דיר דאָס געלט, אָבער דאָס געלט איז פֿרעמדס, ניט מײַנס. אַז איך וועל קומען צוריק און זאָגן, מען האָט מיך באַרויבט, וועט מען מיר ניט גלייבן. איך בעט דיך, גיב מיר אַ סימן, אַז מען האָט דאָס געלט צוגערויבט".

— „וואָס פֿאַר אַ סימן קען איך דיר געבן?" — האָט דער רויבער געפֿרעגט.

— „איך וועל אויסקלייגן מײַן רעקל", — האָט דער ייִד געענטפֿערט — און דו נעם די ביקס און שיס דורך מײַן רעקל און מאַך אַ לאָך. אַז איך וועל ווײַזן די לאָך פֿון דער קויל דעם מענטשן וואָס האָט מיר געגעבן דאָס געלט, וועט ער מיר גלייבן אַז מען האָט דאָס געלט בײַ מיר צוגערויבט".

האָט דער ייִד אויסגעלייגט דאָס רעקל, און דער רויבער האָט געשאָסן און געמאַכט אַ לאָך.
אָבער דער ייִד האָט אים געבעטן:

— „איך בעט דיך, שיס נאָך אַ מאָל, מאַך נאָך אַ לאָך, אַדער צוויי".

האָט דער רויבער אויך געטאָן.

ער האָט געשאָסן נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל, ביז ער האָט געזאָגט:

האָט דער מאַן געזאָגט:

— „ניין, מײַן פֿרײַנד, דו האָסט געטאָן זייער א גוטע זאַך, נעם דיר אויך אַ טייל קאָרן".

אָבער דער ייִד האָט ניט געוואָלט נעמען אַ טייל פֿון דעם קאָרן. און דער מאַן האָט געמוזט ברענגען וועגענער און צונעמען דעם גאַנצן קאָרן.

# דער קלוגער ייִד און דער רויבער

**א**ין אַ קליין שטעטל האָט געלעבט אַ ייִד. ער איז געווען אַן אָרעמאַן. ער האָט אַרומגעטראָגן בריוו. קיין פּאָסט איז נאָך דעמאָלט ניט געווען, האָט ער געטראָגן בריוו פֿון שטאָט צו שטאָט. ער איז געווען אַ געזונטער און אַ שטאַרקער.

**א**ין מאָל האָט אַ רײַכער מאַן צו אים געזאָגט:

— „דו גייסט דאָך פֿון שטאָט צו שטאָט, נאַ דיר טויזנט טאָלער און גיב עס מײַן פֿרײַנד אין דער צווייטער שטאָט".

האָט דער ייִד געזאָגט:

— „גוט". — און ער האָט גענומען די טויזנט טאָלער און איז געגאַנגען צו דער צווייטער שטאָט.

**א**ויפֿן וועג איז געווען אַ גרויסער וואַלד. אַז דער ייִד איז דורכגעגאַנגען דעם וואַלד, איז אַרויסגעלאָפֿן אַ רויבער. דער רויבער האָט געהאַט אין האַנט אַ ביקס. ער האָט אָנגעשטעלט די ביקס קעגן דעם ייִדן און אַ געשריי געטאָן:

— „שטיי, אָדער איך שיס!"

און הענער. זיי לויפן ארום אין הויז און צעברעכן אלץ. און דער מאן פון דער הון קומט נישט.

זאגט די פרוי צו איר מאן:

— „הער, מיין ליבער מאן. די הינער און הענער ווערן מער און מער. זיי לויפן ארום אין הויז און טומלען. זיי צעברעכן אין הויז די זאכן. נעם און פארקויף זיי! פארקויף זיי — און האלט דאס געלט פארן מאן פון דער הון".

זאגט דער ייִד:

— „זייער גוט. ווייסט, מיין ווייב, וואס איך וועל טאן? איך וועל די הענער און הינער פארקויפן, פארן געלט וועל איך קויפן קערנער, און די קערנער וועל איך פארזייען אויף אונדזער שטיקל פעלד".

דער ערלעכער ייִד האט אזוי געטאן. ער האט פארקויפט די הינער און הענער. פארן געלט האט ער געקויפט קערנער. די קערנער האט ער פארזייט אין פעלד, און פון די קערנער איז ארויסגעקומען קארן, א סך, א סך קארן.

אין דריי יאר ארום איז דער מאן געקומען. זאגט ער צו דעם ייִד:

— „וואו איז מיין הון?"

זאגט דער ייִד:

— „קום מיט מיר".

און ער האט געבראכט דעם מאן צו א שפייכלער מיט קארן און געזאגט:

— „דו זעסט דעם פולן שפייכלער מיט קארן? ס'איז פון דיין הון, ס'איז דיינס, נעם עס דיר".

# די הון און דער שפּײַכלער מיט קאָרן

אַמאָל איז געווען אַ ייִד. ער איז געווען אַ גוטער און אַן ערלעכער, אָבער ער איז געווען אַ גרויסער אָרעמאַן. איין מאָל קומט צו אים אַ מאַן און זאָגט:

— „זע, איך האָב אַ הון. איך וויל די הון פֿאַרקויפֿן, אָבער איך האָב ניט קיין צײַט. איך גיי אַוועק. מעג איך איבערלאָזן די הון אין דײַן הויז?"

ענטפֿערט דער ייִד:

— „גוט".

האָט דער מאַן איבערגעלאָזט די הון און ער איז אַוועקגעגאַנגען. גייען אַוועק אַ טאָג, צוויי טעג, דרײַ טעג. עס גייען אַוועק אַ וואָך נאָך אַ וואָך. דער מאַן קומט ניט. און די הון לייגט אין הויז אייער. און פֿון די אייער קומען אַרויס הינדעלעך און ס'קומען אַרויס הענדעלעך. און דער מאַן פֿון דער הון קומט ניט. ווערן די הינדעלעך גרויס, זיי ווערן גרויסע הינער. ווערן אויך די הענדעלעך גרויס, זיי ווערן גרויסע הענער. לויפֿן די הענער אַרום אין הויז, לויפֿן און צעבערעכן די זאַכן. און די הינער לויפֿן אַרום און טומלען. און די הינער לייגן ווידער אייער. פֿון די נײַע אייער קומען אַרויס נײַע הינדעלעך און נײַע הענדעלעך. און דאָס הויז ווערט פֿול מיט הינער

שפּעט בײַנאַכט, ווען ס'איז שוין געווען גוט פֿינצטער און קיין מענטשן האָט מען ניט געזען, איז דער ייִד געקומען אַהיים. ער איז אַרײַנגעקומען מיט אַ גרויסער פֿרייד, און ער האָט דערציילט זײַן פֿרוי:

— „דו ווייסט פֿאַרוואָס איך בין געקומען שפּעט? איך בעט דיך, שרעק זיך ניט. איך שטיי הײַנט אין פֿעלד און גראָב אין זאַמד, פֿיל איך, אין זאַמד ליגט אַ האַרטע זאַך. נעם איך און שאַר אַראָפּ דאָס זאַמד, זע איך . . . עפּעס אַ גאַנצן אוצר, אַן אוצר פֿון גאָלד און זילבער. נו, וואָס שטייסטו, מײַן ווײַב? וועק אויף די קינדער!"

די מאַמע האָט אויפֿגעוועקט די קינדער און האָט זיי אַלץ דערציילט. זיי האָבן זיך אַזוי דערפֿרייט, אַז זיי האָבן אין מיטן נאַכט גענומען טאַנצן און שפּרינגען און זינגען. דער טאַטע איז געשטאַנען און האָט געקוקט. טרערן זײַנען געשטאַנען אין זײַנע אויגן, טרערן פֿון פֿרייד. און ער האָט געזאָגט זײַן ווײַב:

— „נו, מײַן טײַערע ווײַב, געדענקסט וואָס איך פֿלעג אַלע מאָל זאָגן? ניט געזאָרגט, מײַן ווײַב און קינדער, גאָט וועט העלפֿן, ס'וועט בעסער ווערן".

# דער אוצר

אין אַ שטאָט איז געווען אַ ייִד אַן אָרעמאַן. ער האָט געהאַט אַ וועגעלע און אַ פֿערדל. יעדן טאָג איז ער אַרויסגעפֿאָרן אין פֿעלד. אין פֿעלד האָט ער אָנגעפּילט אַ וועגעלע זאַמד. און ער האָט דאָס זאַמד געבראַכט אין שטאָט. אין שטאָט האָט ער דאָס זאַמד פֿאַרקױפֿט און איז ווידער געפֿאָרן אין פֿעלד אַרײַן. ער האָט געלעבט אָרעם, אָבער ער איז געווען אַ פֿריילעכער אָרעמאַן. אַז די קינדער האָבן געבעטן ברויט און דאָס ווײַב האָט געוויינט, האָט ער צו זיי געזאָגט:

— „ניט געזאָרגט, מײַן ווײַב און קינדער, גאָט וועט העלפֿן, ס'וועט בעסער ווערן!"

איין מאָל איז דער אָרעמאַן געפֿאָרן אין פֿעלד. אין שטוב איז ניט געווען קיין גראָשן, און ווײַב און קינדער זײַנען געווען הונגעריק. זיי האָבן געוואַרט אַ גאַנצן טאָג. די קינדער האָבן געהאַלטן אין איין וויינען:

— „ברויט, ברויט! מאַמע, ברויט!"

און זיי האָבן געוואַרט אויפֿן טאַטן מיטן פֿערד און וועגעלע. אָבער דער טאָג איז אַוועק און דער טאַטע איז ניט געקומען. האָט די ווײַב זיך געשראָקן. און די קינדער האָבן געוויינט און געוויינט, ביז זיי זײַנען אײַנגעשלאָפֿן.

האָט דער געלערנטער געפרעגט:

— „אָבער צום עסן זײַנען די פרוכט גוט?"

— „יאָ", — האָט געענטפערט די פרוי — „צום עסן זײַנען די פרוכט זייער גוט".

— „גוט", — האָט דער ייִד געזאָגט — „קום מיט מיר".

און זיי זײַנען אַוועקגעגאַנגען אין מאַרק.

דער געלערנטער איז געשטאַנען אין מאַרק. ער איז געשטאַנען בײַ די פרוכט און ער האָט געשריען:

— „ייִדן, קויפט גוטע פרוכט! קויפט פרוכט, קויפט פרוכט, גוטע מענטשן! גוטע פרוכט צום עסן!"

אַז די מענטשן האָבן געזען דעם געלערנטן ווי ער שטייט בײַ די פרוכט, זײַנען זיי צוגעקומען צו אים. אַלע האָבן אים זייער ליב געהאַט. אַלע האָבן געוואָלט אים טאָן גוטס. האָבן זיי געקויפט פרוכט. און באַלד האָט ער די גאַנצע פרוכט פאַרקויפט.

דער ייִד האָט געגעבן דאָס געלט דער פרוי און האָט געזאָגט:

— „נאָ דיר דײַן געלט פאַר די פרוכט. גיי קויף פיש און פלייש אויף שבת, קויף וואָס דו דאַרפסט פאַר דיר און פאַר דײַנע קינדער".

# דער פּרוכט־הענדלער

אַמאָל איז געווען אַ גוטער, געלערנטער ייִד. ער האָט ליב געהאַט אַלע מענטשן. ער האָט די מענטשן געטאָן גוטס. און אַלע מענטשן האָבן אים ליב געהאַט.

איין מאָל, אין אַ פֿרײַטיק, איז געקומען צו אים אַן אָרעמע פֿרוי. די אָרעמע פֿרוי האָט געזאָגט:

— „גוטער מענטש! הײַנט איז פֿרײַטיק און איך וויל הײַנט קויפֿן עסן אויף שבת. איך וויל קויפֿן פֿיש און פֿלייש אויף שבת פֿאַר מיר און פֿאַר מײַנע קינדער. אָבער איך האָב ניט קיין געלט. העלף מיר, גוטער מענטש!"

האָט דער ייִד געוואָלט געבן געלט דער אָרעמער פֿרוי און ער האָט געזאָגט:

— „נאָ דיר, ליבע פֿרוי, אַ ביסל געלט, און קויף פֿיש און פֿלייש אויף שבת פֿאַר דיר און פֿאַר דײַנע קינדער".

אָבער די פֿרוי האָט ניט געוואָלט דאָס געלט. זי האָט געזאָגט:

— „ניין, גוטער מענטש. איך האָב ליב צו אַרבעטן, איך וויל ניט אומזיסט קיין געלט. איך פֿאַרקויף פֿרוכט. אָבער הײַנט זײַנען מײַנע פֿרוכט ניט שיין און די מענטשן קויפֿן זיי ניט".

געהאַט אַ פּאַלאַץ. ער האָט געהאַט דינערס אין פּאַלאַץ, און ער האָט געהאַט אַ סך גאָלד און זילבער. אָבער אַז ער איז געוואָרן רײַך, איז ער געוואָרן שלעכט. און ער האָט מער ניט געוואָלט העלפֿן די אָרעמע און הונגעריקע.

**א**יין מאָל האָט ער געמאַכט אַ גרויסע סעודה. ער האָט צו דער סעודה גערופֿן נאָר די רײַכע. די סעודה איז געווען אין רײַכן פּאַלאַץ, האָט ער די אָרעמע אַהער ניט אַרײַנגעלאָזט. פּלוצלונג, אין מיטן דער רײַכער סעודה, קומט אַרײַן אין פּאַלאַץ אַן אַלטער אָרעמאַן. דער רײַכער מאַן האָט אַ געשריי געטאָן:

— „װער ביסטו, אַלטער? אַרויס פֿון מײַן רײַכן פּאַלאַץ!"

האָט דער אַלטער אַרויסגענומען אַ פֿײַפֿל און האָט געזאָגט:

— „דו דערקענסט דאָס פֿײַפֿל? אָט דאָס פֿײַפֿל האָב איך דיר געגעבן. דו געדענקסט? איך האָב דיר געזאָגט: איך גיב דיר דאָס פֿײַפֿל, אָבער דו זאָלסט זײַן גוט. איצט ביסטו געוואָרן רײַך און ביסט געוואָרן שלעכט. נעם איך עס אָפּ צוריק".

**א**ון דער אַלטער מאַן האָט אַ פֿײַף געטאָן. באַלד איז דער פּאַלאַץ פֿאַרשוואונדן און אַלץ איז צוריק געווען ווי אַמאָל.

# דער אַלטער מאַן מיטן פּײַפֿל

אַמאָל איז געווען אַן אָרעמער האָלצהעקער. ער איז געווען זייער אַ גוטער מענטש. ער האָט געוואוינט אין וואַלד אין אַ קליין, אָרעם שטיבל.

איין מאָל איז געקומען צו אים אַן אַלטער מאַן. דער אַלטער מאַן האָט געזאָגט:

— „איך בין מיד און הונגעריק, קענסטו מיר העלפֿן?"

— „יאָ", — האָט דער האָלצהעקער געענט־פֿערט, — „איך האָב אין שטוב אַ קליין שטיקל ברויט, נאַ דיר און עס געזונטערהייט. מײַן שטיבל איז קליין און אָרעם, אָבער דו קענסט זיך דאָ אָפּרוען".

האָט דער אַלטער דאָ געגעסן און איז דאָ גע־שלאָפֿן איבער נאַכט.

אויפֿן צווייטן טאָג האָט ער געזאָגט דעם האָלצ־העקער:

— „נו, איך גיי אַוועק, אָבער איך וויל דיר דאַנ־קען פֿאַר דײַן גוט האַרץ. נאַ דיר אַ פֿײַפֿל. אַז דו גיסט אַ פֿײַף מיטן פֿײַפֿל קריגסטו וואָס דו ווילסט. אָבער, געדענק: דו זאָלסט זײַן אַ גוטער מענטש".

אַז דער אַלטער מאַן איז אַוועק, האָט דער האָלצהעקער געזאָגט:

— „איך וויל האָבן אַ שיינע שטוב און עסן פֿאַר מײַן ווײַב און קינדער".

ער האָט געטאָן אַ פֿײַף און ער האָט אַלץ גע־האַט. נאָך דעם איז ער געוואָרן זייער רײַך. ער האָט

— „ווייסטו, ייִד, אַז דו דאַרפֿסט געטייט ווערן, ווײַל דו האָסט דעם דימענט צוריקגעבראַכט נאָך די דרײַסיק טעג?"

ענטפֿערט דער ייִד:

— „יאָ, קיניגין, איך ווייס".

וואונדערט זיך די קיניגין און זאָגט:

— „האָסטו גאָר קיין מורא ניט פֿאַרן טויט?"

ענטפֿערט דער ייִד:

— „יאָ, איך האָב מורא פֿאַרן טויט. אָבער איך האָב דער קיניגין געוואָלט ווײַזן, אַז איך ברענג צוריק דעם טײַערן דימענט, ניט ווײַל איך האָב מורא פֿאַרן טויט, נאָר ווײַל אַזוי דאַרף זײַן, ווײַל עס איז גוט און שיין אַזוי. אַזוי דאַרף אַ מענטש טאָן. דער דימענט איז ניט מײַנער. אַז מע געפֿינט עפּעס, דאַרף מען אָפּגעבן".

אַז די קיניגין האָט דאָס געהערט, האָט זי געזאָגט:

— „ביסט אַ קלוגער מענטש! יאָ, אַזוי דאַרף אַ מענטש טאָן".

די קיניגין האָט אים געגעבן שיינע זאַכן און ער איז געגאַנגען אַהיים אַ פֿריילעכער.

# דער ייִד און דער דימענט

אַמאָל איז געווען אַ קיניגין. זי האָט געהאַט זייער אַ טײַערן דימענט, אַ שיינעם, גרויסן דימענט. איין מאָל איז דער דימענט פֿאַרלאָרן געוואָרן. האָט די קיניגין געזאָגט:

— „דער וואָס האָט געפֿונען מײַן דימענט, מוז אים ברענגען צוריק צו מיר אין דרײַסיק טעג. דער וואָס וועט אים ברענגען צו מיר נאָך דרײַסיק טעג — וועט געטייט ווערן!"

אַ ייִד האָט געפֿונען דעם דימענט. דער ייִד איז געווען זייער אַן ערלעכער.

אָבער ער האָט ניט געוואָלט ברענגען דעם דימענט צוריק אין די דרײַסיק טעג. ער האָט גע־וואַרט דרײַסיק טעג. און נאָך די דרײַסיק טעג, איז ער געקומען צו דער קיניגין, און האָט איר געבראַכט צוריק דעם דימענט.

איז די קיניגין געוואָרן בייז אויף דעם ייִדן, און זי האָט געפֿרעגט:

— „זאָג מיר, ווען האָסטו געפֿונען דעם די־מענט?"

ענטפֿערט דער ייִד:

— „איך האָב אים געפֿונען ווען די קיניגין האָט אים פֿאַרלאָרן, ס'איז שוין מער ווי דרײַסיק טעג".

פֿרעגט איר די קיניגין:

פון וואַנען עס קומט דאָס געלט. האָט ער געגעבן דאָס געלט זײַן ווײַב און זי האָט געקויפט עסן.

**א**יין מאָל איז דער ייִד אין דער פרי אוועקגע־גאַנגען און האָט פאַרגעסן אַרײַנצוואַרפן דאָס געלט. שפּעטער איז דאָס ווײַב אים נאָכגעגאַנגען רופן. אויפן וועג אַהיים פרעגט זי אים:

— „הער, מײַן מאַן, האָסט הײַנט אַרײַנגעוואָרפן אַ ביסל געלט פאַר דער אָרעמער פאַמיליע?"

— „אוי", — האָט אַ געשריי געטאָן דער ייִד, — „איך האָב גאָר פאַרגעסן!"

זײַנען זיי ביידע שטילערהייט צוגעגאַנגען צו דער טיר פון דעם אָרעמען הויז און האָבן דורך אַ קליינעם שפּאַלט אַרײַנגעוואָרפן געלט פאַר דער אָרעמער פאַמיליע.

**פּ**לוצלונג האָט דער אָרעמאַן געעפנט די טיר. אַז דער ייִד האָט געזען ווי די טיר עפנט זיך, איז ער אַנטלאָפן. און די פרוי האָט גענומען לויפן נאָך אים. אַז זיי זײַנען געקומען אַהיים, האָט די ווײַב געפרעגט איר מאַן:

— „הער, מײַן ליבער מאַן, פאַרוואָס ביסטו אַנטלאָפן פון דעם אָרעמאַן?"

האָט דער ייִד געענטפערט:

— „ווײַל דער אָרעמאַן וויל ניט קיין אומזיסטע הילף. ער וויל אַרבעטן. ווען ער זעט, אַז מיר העלפן אים, וואָלט ער שוין אונדזער הילף ניט געוואָלט נע־מען. דערפאַר, מײַן ווײַב, בין איך אַנטלאָפן".



# די הילף־שטילערהייט

אמאָל איז געווען אַ גוטער ייִד. ער האָט ליב גע־
האַט צו טאָן גוטס. ער האָט ליב געהאַט צו העלפֿן
די אָרעמע.

לעבן דעם ייִדן האָט געוואוינט אַן אָרעמאַן.
ער האָט געהאַט אַ ווײַב און קינדער. ער האָט גע־
וואָלט אַרבעטן, אָבער ער האָט ניט געהאַט קיין אַר־
בעט. און קיין אומזיסטע הילף האָט ער ניט געוואָלט.
ער האָט ניט געוואָלט נעמען אומזיסט קיין געלט.

וואָס זשע האָט געטאָן דער גוטער ייִד וואָס
האָט ליב געהאַט צו טאָן גוטס? יעדן פֿרימאָרגן
איז ער שטילערהייט צוגעגאַנגען צו דעם אָרעמאַנס
שטוב. ער איז שטיל צוגעגאַנגען צו דער טיר. ער
האָט געפֿונען אַ קליינעם שפּאַלט אין טיר און האָט
אַרײַנגעוואָרפֿן אַ ביסל געלט. דער אָרעמאַן האָט
געפֿונען אין שטוב דאָס געלט. ער האָט ניט געוואוסט

אהער, גיי אהין, גיי רעכטס, גיי לינקס, און דער בלינ־
דער איז געגאנגען צו די פרוכט. אזוי האבן זיי גע־
געסן וויפל זיי האבן געוואלט.

אין א צייט ארום איז געקומען דער באלעבאס.
ער טוט א קוק — אויף די ביימער איז שוין באלד
ניטא קיין פרוכט. פרעגט דער באלעבאס דעם
בלינדן:

— „דו האסט געריסן די פרוכט?"

ענטפערט דער בלינדער:

— „איך? ווי אזוי? איך קען דען זען?"

פרעגט ער דעם קרומען:

— „דו האסט געריסן די פרוכט?"

ענטפערט דער קרומער:

— „איך? ווי אזוי? איך קען דען גיין?"

וואס זשע האט געטאן דער באלעבאס? ער
נעמט דעם קרומען און ער זעצט אים ארויף אויף די
פלייצעס פון דעם בלינדן, און ער הייסט זיי גיין צו
די ביימער. איז דער אמת ארויסגעקומען ווי בוימל
אויפן וואסער.



# דער בלינדער און דער קרומער

א מאן האט געהאט א גארטן, א שיינעם פרוכט־גארטן. אין פרוכטגארטן זיינען געוואקסן עפל, בארן און פלוימען. דער מאן האט דעם גארטן ליב געהאט. מענטשן זיינען פארבייגעגאנגען דעם שיינעם גארטן און האבן געזען די עפל, בארן און פלוימען. זיינען זיי אריין אין גארטן און געריסן די פרוכט.

האט דער באלעבאס פונעם גארטן געזאגט: איך וועל נעמען צוויי וועכטער. די וועכטער וועלן היטן די פרוכט. אז זיי וועלן זען, מענטשן קומען רייסן די פרוכט, וועלן זיי אויסשיסן אין דער לופט, און די מענטשן וועלן אנטלויפן. אבער דער באלעבאס האט ניט געוואלט, אז די וועכטער זאלן עסן די פרוכט. האט ער גענומען צוויי וועכטער — איינעם א בלינדן און איינעם א קרומען, אז זיי זאלן ניט קענען רייסן די פרוכט.

די וועכטער זיינען געקומען אין גארטן, און דער קרומער האט געזאגט צום בלינדן:

— „איך זע דייער שיינע פרוכט, און איך קען זיי ניט נעמען!"

ענטפערט אים דער בלינדער:

— „און איך קען זיי גיין נעמען, אבער איך זע ניט דעם וועג!"

וואס זשע האבן זיי געטאן?

דער בלינדער האט גענומען דעם קרומען אויף די פלייצעס, און דער קרומער האט געזאגט: גיי

באַלעבאָס! באַלעבאָס! דער ייִד האָט זיך געזעצט אויף אַ טײַערן שטול. ער האָט געגעבן דעם פֿאַר־קויפֿער אַ שטול. און ער האָט געזאָגט צו איין דינער:

— „זײַ אַזוי גוט, מײַן דינער, ברענג צום טיש די בעסטע זאַכן. און איך האָב בײַ דעם מאַן געקויפֿט אַ פּערל, גיב אים טויזנט שטיק זילבער".

דער פֿאַרקויפֿער האָט זיך זייער געוואונדערט. נאָכן עסן האָט ער געפֿרעגט דעם רײַכן מאַן:

— „זאָגט מיר, איך בעט אײַך, איר זײַט אַזוי רײַך, פֿאַרוואָס גייט איר אָנגעטאָן ווי אַן אָרעמאַן? פֿאַרוואָס טראָגט איר אַלטע, צעריסענע קליידער?"

האָט דער רײַכער מאַן געענטפֿערט:

— „איך בין טאַקע רײַך, אָבער איך וויל העלפֿן די אָרעמע. איך וויל פֿילן די נויט פֿון אָרעמע און הונגעריקע. טו איך אָפּט אָן אָרעמע קליידער און גיי אַרום צווישן די אָרעמע מענטשן אין די אָרעמע גאַסן. איך זע זייער אָרעמקייט און פֿיל זייער נויט. אַז איך זע דאָס אַליין און פֿיל דאָס אַליין, קען איך בעסער העלפֿן די אָרעמע מענטשן".



— „איך ווילט פֿאַרקויפֿן מײַן טעפּער, ווײַל איך ווילט אַוודאי העלפֿן די אָרעמע און איך דאַרפֿט האָבן געלט, נו, וועל איך דעם טעפּער קויפֿן צום צווייטן מאָל".

און דער גוטער דאָקטער האָט זיי געגעבן פֿופֿציק טאָלער. די מענטשן האָבן דאָס געלט געגעבן די אָרעמע.

# דער רײַכער און צעריסענע קליידער

אַ ייִד איז אַרומגעגאַנגען אין מאַרק. ער האָט פֿאַרקויפֿט אין מאַרק פּערל, גוטע, טײַערע פּערל.

קומט צו צו אים אַן אַנדער ייִד. דער אַנדערער ייִד האָט אויסגעזען אָרעם. ער האָט געטראָגן אַלטע צעריסענע קליידער. דער אָרעמער ייִד האָט גענומען אַ טײַערן פּערל. ער האָט גענומען דעם פּערל און געפֿרעגט:

— „וויפֿל ווילט איך פֿאַר אָט דעם פּערל?"

דער פֿאַרקויפֿער האָט געענטפֿערט:

— „טויזנט שטיק זילבער, מײַן פֿריינד".

— „גוט", — האָט געזאָגט דער ייִד, — „קומט, איך וועל אײַך באַצאָלן".

דער פֿאַרקויפֿער האָט זיך זייער געוואונדערט. ער איז נאָכגעגאַנגען דעם ייִדן אין די אַלטע, צעריסענע קליידער. זיי זײַנען אַרײַן אין אַ רײַך הויז. באַלד זײַנען צוגעקומען דינערס. די דינערס האָבן געגעבן דעם ייִדן שיינע קליידער. זיי האָבן אים גערופֿן:

אײן מאָל זײַנען געקומען אין שטאָט אַרײַן צװײ פֿרעמדע מענטשן. די פֿרעמדע מענטשן האָבן גע־הערט װעגן דאָקטער. האָבן זײ געזאָגט: לאָמיר זען, איז דער דאָקטער אַזאַ גוטער?

זײַנען זײ צו אים געקומען אין אַן אָװנט און זײ האָבן געזאָגט:

— „ליבער מענטש, לאָז אונדז שלאָפֿן בײַ דיר".

— „גוט!" — האָט געענטפֿערט דער דאָקטער.

אויף דער ערד איז געלעגן אַ שײנער טעפּעך. האָבן די מענטשן זיך געלײגט אויפֿן טעפּעך.

אַז די מענטשן זײַנען אויפֿגעשטאַנען אין דער פֿרי, האָבן זײ גענומען דעם טעפּעך און זײ זײַנען אַװעקגעגאַנגען. דער דאָקטער איז שױן געװען אין גאַס. אויפֿן װעג אַהײם האָט ער זײ געזען.

האָבן די מענטשן צו אים געזאָגט:

— „דאָקטער, איך װילט קויפֿן זײער אַ שײנעם טעפּעך?"

— „גוט!" — האָט געענטפֿערט דער דאָקטער

— „איך גיב אײַך װיפֿל ער האָט די װערט. זײַן װערט איז פֿופֿציק טאָלער, װײַל אַזױ פֿיל האָב איך פֿאַר אים באַצאָלט".

האָבן די מענטשן געפֿרעגט:

— „דו װײסט, אַז דער טעפּעך איז דײַנער, פֿאַר־װאָס װילסטו אים קויפֿן?"

האָט דער גוטער דאָקטער געזאָגט:

ענטפערט דער געלערנטער ייִד:

— „ניין, איך דאַרף ניט דעם דימענט, איך וויל ניט זיין רייַך. איך וויל בעסער האָבן גוטע, געלערנ־טע קינדער. קינדער זיַינען טייַערער פֿון גרעסטן דימענט.

דער דימענט איז גלייַך אַוועק. דאָס גרויסע ליכט איז מער ניט געווען. אָבער אין אַ צייַט אַרום האָט דעם ייִדנס ווייַב געבוירן אַ קינד. נאָך דעם האָט זי געהאַט נאָך קינדער. און אַלע זיַינען זיי אויסגעוואַקסן גוטע, געלערנטע ייִדן.

דער ייִד און זיין ווייַב זיַינען געווען גליקלעך. זיי האָבן אָפֿט געזאָגט:

— „קינדער זיַינען טייַערער פֿון גרעסטן די־מענט!"

# דער דאָקטער און זיַין טעפּער

אַמאָל איז געווען אַ דאָקטער. ער איז געווען זייער אַ גוטער און האָט ליב געהאַט די אָרעמע מענטשן. אַז ס'איז געקומען צו אים אַן אָרעמאַן, האָט ער אים געהיילט אָן געלט. אויף דער וואַנט האָט ער אויפֿגעהאַנגען אַ פּושקע. אַז אַן אָרעמאַן האָט געוואָלט געבן געלט, האָט ער אַרייַנגעוואָרפֿן אין פּושקע וויפֿל ער האָט געקאָנט. נאָך דעם האָט דער דאָקטער גענומען דאָס געלט, געגעבן די אָרעמע און געזאָגט:

— „איך האָב דאָס געלט גענומען בייַ די אָרע־מע און גיב עס צוריק די אָרעמע".

# קינדער זײַנען טײַערע

אַמאָל איז געווען אַ ייִד. ער איז געווען זייער אַ גוטער און זייער אַ געלערנטער. ער און זײַן ווײַב זײַנען געווען אַליין. זיי האָבן ניט געהאַט קיין קינדער. זיי האָבן אויך ניט געהאַט קיין ברויט. ער און זײַן ווײַב זײַנען געווען הונגעריק.

דער ייִד האָט געלערנט טאָג און נאַכט. איין מאָל אין מיטן נאַכט זיצט דער ייִד און לערנט. ער טוט אַ קוק אויף דער וואַנט, זעט ער אַ ליכט. דאָס ליכט שײַנט אַרויס פֿון דער וואַנט. גייט ער צו און ער זעט: פֿון דער וואַנט שײַנט אַרויס אַ גרויסער דימענט.

שטייט דער ייִד און קוקט אויפֿן דימענט. ער וויל אים נעמען. ער שטרעקט שוין אויס די האַנט. הערט ער ווי מע רופֿט אים:

— „זאָג, וואָס ווילסטו? ווילסטו דעם דימענט? ווילסטו ווערן רײַך? אָדער דו ווילסט בעסער האָבן גוטע קינדער, גוטע, ערלעכע, געלערנטע קינדער?”

דער האַלצהעקער איז אַוועק אין וואַלד. ער איז אַוועק אין וואַלד אָן אַ האַק. ער האָט גענומען ברעכן די צווײַגן מיט די הענט. פֿלוצלונג האָט אָנגעהויבן קלינגען. עס האָבן אָנגעהויבן פֿאַלן שטיקלעך גאָלד. די שטיקלעך גאָלד זײַנען געפֿאַלן און געפֿאַלן.

האָט דער האַלצהעקער אָנגעפֿילט זײַן זאַק, אַ פֿולן זאַק מיט גאָלד. ער איז געוואָרן זייער רײַך. אָבער ער האָט ניט גענומען דאָס גאַנצע גאָלד. ער האָט געגעבן אַ טייל גאָלד זײַן פֿרײַנד, דעם אָרעמען טרעגער. דעם טרעגערס מאַכטער איז געוואָרן געזונט. און דער האַלצהעקער און דער טרעגער האָבן אַלע יאָרן געלעבט גליקלעך.



# דער טרעגער און דער האָלץ־העקער

אַמאָל איז געווען אַן אָרעמער טרעגער. ער האָט געוואוינט אין אַ קליין שטיבל און האָט געהאַט אַ ווײַב און אַ טאָכטער. איין מאָל איז די טאָכטער געוואָרן זייער קראַנק. טאַטע־מאַמע האָבן געוויינט און געוויינט. זיי האָבן געוואָלט רופן אַ דאָקטער, אָבער זיי האָבן ניט געהאַט קיין געלט.

לעבן טרעגער האָט געוואוינט אַ האָלצהעקער. דער האָלצהעקער איז אויך געווען אָרעם. ער איז אָבער געווען אַ גוטער מענטש. ער האָט געהערט, אַז דעם טרעגערס מיידל איז זייער קראַנק. ער איז אַוועקגעגאַנגען אין מאַרק. אין מאַרק האָט ער פאַרקויפט זײַן האַק. ער האָט געגעבן דאָס געלט דעם טרעגער און ער האָט געזאָגט:

— „נאַ דיר, מײַן ליבער פרײַנד, דאָס געלט. רוף אַ דאָקטער און זאָל דײַן טאָכטער ווערן געזונט!"

אויפן צווייטן טאָג אין דער פרי האָבן די קינדער פון דעם האָלצהעקער געוויינט:

— „מאַמע, מאַמע, גיב אונדז ברויט, מיר זײַנען הונגעריק!"

# דאָס שטיקל פֿעלד

אַמאָל איז געווען אַ רײַכער ייִד. ער האָט גע־האָט אַ סך געלט און ער איז געווען זייער אַ גוטער. ער האָט געהאָלפֿן די אָרעמע און האָט געטאָן אַ סך גוטס.

שפּעטער איז דער ייִד געוואָרן אָרעם. ער האָט נאָר געהאַט אַ שטיקל פֿעלד, אַ קליין שטיקל פֿעלד, און אַן אָקס צו אַקערן דאָס פֿעלד.

איין מאָל איז דער ייִד געגאַנגען אין גאַס. ער האָט געזען דרײַ פֿרעמדע מענטשן, דרײַ פֿרעמדע מענטשן פֿון אַן אַנדער שטאָט. זיי זײַנען געקומען אין שטאָט צו בעטן געלט פֿאַר אָרעמע געלערנטע.

אַז דער ייִד האָט זיי דערזען, האָט ער געטראַכט: וואָס וועל איך זיי געבן? איך האָב קיין געלט? איך קען דען זיי העלפֿן? און ער איז געלאָפֿן אַהיים און האָט געפֿרעגט זײַן ווײַב וואָס צו טאָן.

האָט זײַן ווײַב געזאָגט:

— „ווייסטו וואָס, מײַן ליבער מאַן? מיר האָבן נאָך אַ שטיקל פֿעלד. פֿאַרקויף אַ טייל פֿון דעם שטיקל פֿעלד, און גיב אַ ביסל געלט פֿאַר די אָרעמע געלערנטע".

האָט דער ייִד אַזוי געטאָן. אין עטלעכע טעג אַרום האָט ער געאַקערט מיט זײַן אָקס דאָס געבלי־בענע שטיק פֿעלד. איז דער אָקס אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ גרוב. דער ייִד איז אַרײַן אין גרוב אַרויסצושלעפּן דעם אָקס. האָט ער אין גרוב געפֿונען אַן אוצר מיט גאָלד.

# די שטיינער

אַמאָל איז אַ מאַן געשטאַנען אין זײַן הויף און האָט געאַרבעט. ער האָט אויסגערייניקט זײַן הויף פֿון די שטיינער. אָבער ער האָט ניט אַוועקגעפֿירט די שטיינער. ער איז געשטאַנען אין הויף, און האָט געוואָרפֿן די שטיינער אין גאַס אַרײַן.

איז פֿאַרבײַגעגאַנגען אַן אַנדער מאַן און האָט געזאָגט:

— „וואָס טוסטו, מענטשן? וואָס וואַרפֿסטו די שטיינער אין גאַס אַרײַן?"

— „איך וויל אַזוי", — האָט דער מאַן געענטפֿערט. „איך וואַרף די שטיינער לעבן מײַן הויז און לעבן מײַן הויף. איך טו ווי איך וויל".

— „אָבער די מענטשן קענען פֿאַלן איבער די שטיינער", — האָט יענער ווײַטער גערעדט.

דער מאַן האָט ניט געענטפֿערט און ווײַטער געוואָרפֿן די שטיינער.

אין אַ קורצער צײַט אַרום איז דער מאַן געוואָרן אָרעם. ער האָט פֿאַרקויפֿט זײַן הויז און זײַן הויף. איין מאָל איז ער פֿאַרבײַגעגאַנגען דאָס הויז, און איז געפֿאַלן איבער די שטיינער. ער האָט זיך צעבראָכן אַ פֿוס. ווען ער איז געלעגן אַ קראַנקער אין בעט האָט ער געטראַכט:

„יאָ, דער מאַן איז געווען גערעכט. איך האָב נאָר געטראַכט פֿון מ ײַ ן הויז און מ ײַ ן הויף. איך האָב ניט געטראַכט פֿון די מענטשן. יאָ, איך האָב פֿאַרדינט מײַן שטראָף".

געבאַקן, און האָט דאָס אױעקגעגעבן דעם אָרעמאַן.

שפּעטער איז געקומען איר מאַן. ער האָט גע־בראַכט זײַן פֿרײַנד. אָבער די פֿרױ האָט ניט געהאַט קײן עסן. און זי האָט אַלץ דערצײלט איר מאַן.

האָט דער מאַן געזאָגט:

— „האָסט גוט געטאָן, מײַן ליבע פֿרױ. ביסט אַ גוטע פֿרױ! מײַן פֿרײַנד איז מיר זײער ליב. אָבער מײַן פֿרײַנד קען װאַרטן, און די הונגעריקע קענען ניט װאַרטן".

און דער מאַן און דער גאַסט האָבן געװאַרט, ביז די פֿרױ האָט װידער געמאַכט עסן.



# די גוטע פֿרוי

אַמאָל איז געווען אַ ייִד. ער האָט געהאַט זייער אַ גוטע ווײַב. איין מאָל קומט דער ייִד אַהיים און ער זאָגט:

— „הער, מײַן ווײַב, מײַן פֿרײַנד קומט הײַנט צו אונדז. מײַן פֿרײַנד וועט הײַנט עסן בײַ אונדז. איך בעט דיך, מאַך גוטע זאַכן צום עסן. איך גיי איצט אַוועק. איך וועל שפּעטער קומען מיטן גאַסט".

— „גוט", — האָט געזאָגט די פֿרוי.

די פֿרוי האָט גענומען אַרבעטן. זי האָט געקאָכט און געבאַקן. זי האָט געמאַכט גוטע זאַכן צום עסן.

אָבער דאָ איז געקומען אַן אָרעמאַן. דער אָרעמאַן איז געקומען צו דער טיר און ער האָט געזאָגט:

— „גוטע פֿרוי, העלף מיר, העלף מיר, איך האָב ניט קיין אַרבעט. איך בין הונגעריק, און מײַן ווײַב און קינדער זײַנען הונגעריק". — האָט די פֿרוי גענומען די גוטע זאַכן, וואָס זי האָט געקאָכט און

האָט דער אַלטער אים געגעבן געלט און ער האָט געזאָגט:

— „נאַ דיר גענוג געלט און דו וועסט קענען קויפן אַלץ אויף פּסח. נאָך פּסח וועסטו מיר דאָס געלט אָפּגעבן".

דער אָרעמער ייִד איז געלאָפן אַהיים. ער האָט געגעבן זײַן ווײַב דאָס געלט און ער האָט איר אַלץ דערציילט.

די פֿרוי איז געלאָפן אין קראָם. זי האָט אײַנגע־קויפט אויף פּסח: מצות, פֿיש, פֿלייש, ווײַן און קליי־דער, און עס איז איר נאָך געבליבן געלט. האָבן זיי געהאַט אַ פֿריילעכן פּסח צוזאַמען מיט דעם אַלטן ייִד.



# דער אָרעמאַן און דער פרעמדער

אַמאָל איז געווען אַ גוטער ייִד. ער איז געווען זייער אַן ערלעכער, אָבער ער איז געווען זייער אָרעם. מענטשן האָבן אים געוואָלט העלפן. אָבער ער האָט געזאָגט:

— „איך וויל אַרבעטן, איך וויל ניט אומזיסט קיין געלט!"

איין מאָל, פאַר פסח, האָט ער ניט געהאַט וואָס ייִדן דאַרפן אויף פסח: מצות, פיש, פלייש, ווײַן, קליידער. זײַן ווײַב און קינדער זײַנען געזעסן אין שטוב און האָבן ביטער געוויינט.

איז דער אָרעמער ייִד אַרויסגעגאַנגען אין גאַס. ער האָט געוואָלט געפינען אַרבעט. האָט ער באַגעגנט אַן אַלטן ייִד, אַ הויכן מאַן מיט אַ לאַנגער, ווײַסער באָרד. דער אַלטער האָט געזאָגט צו דעם ייִדן:

— „הער, מײַן פרײַנד, איך בין דאָ אַ פרעמדער. לאָז מיך עסן פסח בײַ דײַן טיש".

האָט דער ייִד געענטפערט:

— „איך האָב אַליין ניט וואָס צו עסן!"

— „מיט פּוטער!“ — האָט דאָס ייִנגעלע געזאָגט און האָט געענדיקט זײַן ענטפֿער פֿון פֿאַר־דרײַ־יאָרן.

— „האָסט אַ גוטן זכּרון!“ — האָט געזאָגט דער גאַסט, — „דו וועסט אויסוואַקסן אַ גרויסער ייִדישער געלערנטער“.

און אַז דאָס קליינע ייִנגעלע איז אויסגעוואַקסן, איז ער געוואָרן אַ גרויסער ייִדישער געלערנטער.



# אַ גוטער זכרון

אַמאָל איז געווען אַ קליין יינגעלע, אַ יינגעלע פון פינף יאָר. איין מאָל איז צו זיין טאַטן געקומען אַ גאַסט. דער גאַסט האָט געהערט אַז דאָס יינגעלע איז זייער קלוג. האָט דער גאַסט געוואָלט מיט אים רעדן. האָט ער מיט אים גערעדט און גערעדט, דער־נאָך האָט ער אים געפרעגט:

— „זאָג נאָר, יינגעלע, האָסט שוין היינט גע־געסן?"

— „יאָ", — האָט געענטפערט דאָס קינד.

— „וואָס?" — האָט געפרעגט דער גאַסט.

— „ברויט מיט . . ."

דאָס יינגעלע האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, אָבער דאָ איז אַריינגעקומען זיין טאַטע. דער גאַסט איז צוגעגאַנגען צו זיין טאַטן, גערעדט מיטן טאַטן און דערנאָך איז ער אוועקגעפאָרן.

אין דריי יאָר אַרום איז דער גאַסט ווידער געקו־מען. ער האָט ווידער געזען דאָס יינגעלע. אַזוי ווי ער האָט אים דערזען, האָט ער אים באַלד געפרעגט:

— „נו, יינגעלע, מיט וואָס?" . . .

# אינהאַלט:

# קינדער־רינג ביבליאטעק



צווייטע אויפלאַגע, 1945

דריטע פאַרבעסערטע אויפלאַגע, 1957

רעדאַגירט פֿון יודל מאַרק



ח. באַרקאַן

# אַמאָל איז געווען

## (מעשׂות און לעגענדעס)

ארויסגעגעבן פון
„פאַרלאַג ארבעטער־רינג"

